



אבאנאמענטס־פרייז פיר רוססלאנד:
יעהרליך 3 רובל, האלב־יעהרליך 1.50 רובל
פירטעל־יעהרליך 75 קאפ.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג“
נור 5 רובל יעהרליך, האלב־יעהרליך 2.50
רובל, פירטעל־יעהרליך 1.25 רובל.
איינצעלנע נומערן 7 קאפ. 14 העללער.
ענדערן די אדרעססע קאסט 20 קאפ.
40 העללער.

פרייז פיר מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 קאפ.
40 העללער, 50 פפעניג.

די אדרעססע פיר רוססלאנד:
Издательство „ТУШІЯ“
ВАРШАВА
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“.

**א צייטונג פיר יודישע פרויען און פאמיליע.**

ערשיינט יעדע וואך

רעדאקטאריען:
פיר פובליציסטיק און וויסענשאפט.
**ד"ר ה. ד. הורוויץ.**
פיר בעלעטריסטיק און פראווינץ־אבטהיילונג:
**מ. ספעקטאר.**

פערלאג „פאלקס־בילדונג“.

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 7.50 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . 3.75 „
פירטעל־יעהרליך . . . . 1.90 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 6.80 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 6 שילינג 6 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 8.25 פראנק.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג“
יעהרליך 12.50 קראנען; 11.20. מארק;
11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך
און פירטעליעהרליך לויט דיעזע רעכנונג.

די אדרעססע פיר עסטרייך־אונגארן
און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Frauenwelt“
Krakau, Krakauergasse 12.

**Krakau, 8 Oktober 1902.** **Nr. 15** **קראקוי, ז' תשרי, תרס"ג.**




## די לאגע פון דער יודישער פרוי אין דער אלטער צייט.

די לאגע פון דער פרוי אין דער משפחה און געזעלשאפט אין אייראפא איז נאך איצט אויך ניט אזוי הויך און שטארק, ווי עס בעדארף זיין על פי יושר. פיעל מיה קאסטעט די פרויענפעראיינען, בכדי צו בעקומען רעכטע צו בעזוכען אוניווערזיטעטען, בעטרעטען רעגירונגס־שטעלען וכדומה, און עס געלינגט זיי ניט אלע מאל. בכן קען מען פערשטעהן, ווי איז געוועזען די לאגע פון די פרויען מיט איינגע טויזענד יאהר צוריק אין דער צייט, אז די מענשען זענען נאך געוועזען ווילד.

די פרוי אין יענע צייטען איז געוועזען גערעכענט ווי א חפץ, וואס דער מאן קען דאמיט טהון וואס ער וויל. איהר לעבען און טוידט איז געוועזען אין דעם מאנס האנד. די פרוי איז איהם געוועזען נייטיג נאר, בכדי ממלא זיין די בהמה'שע תאוה, אויך בכדי צו בעדיענען איהם און טהון אלע שווערע ארבייט. אין אזא לאגע געפינען זיך נאך איצט אויך די פרויען ביי די אפריקאנישע און אויסטראלישע ווילדע פעלקער.

לכן בעדארף מען פערשטעהען, אז די לאגע פון דער יודישער פרוי פארצייטען איז אויך ניט געווען זעהר הויך, ווייל די יודען פאר מתן תורה זענען אין בילדונג ניט געשטאנען פיעל העכער פון די אנדערע פעלקער.

אמת, אין די צייטען פון די אבות און די שבטים איז די לאגע פון דער יודישער פרוי געווען פיעל בעסער איידער ביי אנדערע פעלקער. אברהם אבינו האט זעהר געאכטעט שרה'ן און געפאלגט זי, חאטש ער האט נאך ווייבער אחוץ איהר געהאט. יצחק האט זיך אויך גוט בעגאנגען מיט רבקה'ן און האט מעהר קיין ווייבער ניט גענומען אויסער איהר. יעקב אבינו האט זיך אויך זעהר איידיל בעגאנגען מיט זיינע פיער פרויען.

נאר אז מע זאל גוט בעטראכטען דאס לעבען פון די אבות וועט מען זעהר לייכט זעהען, אז דער מאן איז דאמאלס גערעכענט געווען אין זיין פאמיליע ווי א קעניג, וואס האט צו שאפען מיט דעם לעבען און מיט דעם טוידט פון זיינע אונטערטאנען (פאדדאנעס). די פרוי איז געווען פערקויפט דעם מאן און זי האט פאר איהם זעהר מורא געהאט. שרה וואס איז, אים פלוג, געגאנגען ביי אברהם'ן אין ספאדעק, האט איהם דאך גערופען: "מיין הער", און אז מע האט גע־מסר'ט אברהמ'ן אויף איהר, זי האט געלאכט און געזאגט, אז איהר אלטער וועט שוין קיין קינדער ניט האבען, האט זי זיך געבאך דערשראקען, און האט זיך אפגעלייקענט פון איהרע ווערטער. רבקה אז זי האט דאס ערשטע מאל דערזעהען יצחק'ן איז זי פון שרעק אראפגעפאלען פון דעם קעמעל, אויף וועלכען זי האט געריטען. רחל און לאה האבען בפירוש געזאגט, אז זייער פאטער, לבן, האט זיי פערקויפט יעקב'ן, און יעקב האט געשווארען לבנ'ען, אז ביי וועמען ער וועט געפינען די אפגעטער (וואס רחל האט געגנב'ט), וועט יענער ניט לעבען. און ווען די גנבה וואלט זיך געפינען ביי רחל'ן וואלט זי יעקב ניט ווילענדיג געהרג'ט; ובפרט, אז דאס וואלט געטהון לאה, בלהה אדער זלפה, וואלט יעקב איין רגע ניט געטראכט און וואלט זיי געטיידט. יהודה האט פערמשפט אליין זיין שנור תמר צום טוידט, ניט פרעגענדיג ביי קיינעם קיין דעה, אפילו ביי יעקב'ן ניט. בקצור, דער מאן איז אין יענער אלטער צייט ביי יודען געווען גלייך צו א מלך, און וואס ער האט געוואלט, דאס האט ער געטהון מיט זיין ווייב.

אז די יודען האבען איבערגעוואנדערט נאך מצרים, וואו זיי האבען פערגעסען דעם גאט פון זייערע עלטערן, און האבען זיך אפ־געלערנט פון די מצריים פיעל שלעכטע מדות, איז די לאגע פון דער יודישער פרוי געווארען, געוואהנליך, ערגער; ווי מיר זעהען פון די פיעל דינים, וואס די תורה האט געמוזט שרייבען, בכדי צו פערבעסערן די לאגע פון דער פרוי ביי איהר מאן און איהרע עלטערן.

עס איז יעדען, וואס האט געלערנט גמרא, ידוע, אז די תורה האט אפט מאל געמוזט נאכגעבען דעם יצר הרע פון דער יודישער מאסע און ערלויבען זיי אזעלכע זאכען, וועלכע זי האט באמת ניט געוואלט ליידען. למשל, פיינגען אין א מלחמה א שעגע פרוי (א יפת תאר) און נעהמען זי זיך פאר א ווייב, פערקויפען די טעכטער פאר דינס־טען, מקריב זיין קרבנות *), און נאך פיעל זאכען כדומה. אויך געפונען זיך אין דער תורה פיעל דינים, וועלכע האבען געפאסירט ביי יודען פון לאנגע יאהרען, און די תורה איז געקומען נאר אויסבעסערען די דינים, אז זיי זאלען האבען אין זיך מעהר יושר ווי פריהער.

למשל: פאר מתן תורה, אז א מאן האט חושד געווען זיין ווייב, אז זי זינדיגט מיט א פרעמדען מאנסבילד, האט ער געווענ־ליך ניט געפרעגט קיין פיעל שאלות, און האט זי באלד געטוידט. די תורה האט אבער איהם בעפעהלט, ברייגגען זיין פרוי צו דעם כהן, און ער זאל זי אנטרינקען מיט מים המאררים (פערפלוכטע וואסער) און בעשווערען זי. אמת, זי האט דערפון געהאט גרויסע בזיונות, אבער פון טוידט, לכל הפחות, האט זי די תורה מציל געווען. פאר מתן תורה האט א פאטער געקענט פערקויפען זיין טאכטער פאר איין

*) נאך דער מיינונג פון דעם רמב"ם.

# פעליעטאן.

## ווער ווייסט?

ארומאן אין צוויי טהייל

פון

שלום-עליכם.

(פארטזעטצונג).

### XII.

### ער פאהרט קיין אדעס.

דער טאג וואס אונזער דוד האט בעדארפט אוועקפאהרען מיט זיין פאטער קיין אדעס איז געווען דער גליקליכסטער טאג אין זיין לעבען. ער איז געגאנגען צו אלע זיינע חברים זיך געזעגענען מיט זיי, געקוקט אויף זיך ווי אויף א מענשען, וואס פאהרט ארויס אויף דער גרויסער וועלט, צוגעזאגט איטליכען, אז ער וועט זיי שרייבען בריעף פון אדעס אלע וואך פון אלסדינג, וואס אויף דער "וועלט" טהוט זיך, און די חברים זיינע האבען איהם שטארק מקנא געווען, וואס ער פאהרט... דוד'ן איז דאס אבער געווען קארג; ער האט געוואלט אז דער מארק זאל אויך וויסען, אז ער פאהרט קיין אדעס. איז ער זיך דורכגעגאנגען אין מארק צווישען די קלייטען עפיס קויפען זיך אין וועג אריין, און האט געטראפען צו לאה'ן די צעלניקערין אין קלייט אריין און האט געדונגען א טשעמאדאנטשיקיל. האט איהם לאה א פרעג געטהון, אויף וואס דארף ער א טשעמאדאנטשיקיל, האט ער איהר דערצעהלט, אז ער פאהרט קיין אדעס, האט איהם לאה גע־פרעגט, וואס פאהרט ער עפיס קיין אדעס, האט ער איהר געזאגט, אז ער פאהרט זיך לערנען. האט דאך איהם לאה געפרעגט, וואס וועט ער זיך דארטען לערנען, האט ער שוין אליין ניט געוואוסט וואס ער זאל איהר זאגען און איז רויט געווארען פאר בזיון, ובפרט ס'איז געשטאנען דערביי איהר טאכטער דינה'קע, די זעלבע דינה'קע מיט די שווארצע אייגעלעך און מיט די שווארצע געקרייזעלטע האר, וואס ער האט א מאל מיט איהר געלערנט ביי שעפסיל דעם מלמד אין איין חדר און האט זיך מיט איהר א מאל צעקריעגט... עס האט זיך איהם אויסגעוויזען, אז דינה'קע קוקט אויף איהם און לאכט. האט דאס איהם פערדראסען און ער האט זיך געלאזט אוועקגעהן, האט איהם לאה אפגעשטעלט: "נו? און דאס טשעמאדאנטשיקיל פאר וואס קויפסט דו נישט?" האט איהר דינה אפגעענטפערט מיט א געלעכטער:

עוויגע שפחה (דינסט), אבער די תורה בעפעהלט דעם בעל הבית, אז ער אדער זיין זוהן זאלען חתונה האבען מיט דער יודישער שפחה, אונ אויב זיי ווילען ניט. דארף זי ארויסגעהן פריי. פאר מתן תורה, אז א יוד איז געשטארבען אונ קיין זוהן ניט איבערגעלאזען, האט איהם זיין טאכטער ניט געקענט ירש'ענען, אונ די תורה זאגט, אז אויב עס איז ניטא קיין זוהן, ירשנ'ט די טאכטער, נאר מיט א תנאי, אז זי מוז חתונה האבען מיט א מענשען, וועלכער קומט ארויס דווקא פון איהר פאטערס שבט.

די אמאליגע אזיאטישע פעלקער פלעגען גט'ען זייערע ווייבער גאר אהן שאלות. דער מאן פלעגט דער פרוי פשוט זאגען: "ארויס פון מיין הויז!" דענסטמאל פלעגט זי אוועק געהען אונ ווערען א פרוי דעם צווייטען. אז דער צווייטער האט זי אויך געג'גט אויף אזא אופן, פלעגט אפט מאל דער ערשטער מאן זי ווידער נעהמען צוריק. אויך פלעגען ביי יענע פעלקער די מאנען טוישען (בייטען) צווישען זיך די ווייבער, אונ דערנאך פלעגען זיי זיך ווידער נעהמען, יעדער זיין ערשטע ווייב צוריק. די ווייב אבער האט אין דעם קיין דעה ניט געקענט זאגען.

ווי עס ווייזט אויס האבען די יודען, זיצענדיג אין מצרים, זיך אויך אזוי נוהג געווען. על כן האט די תורה פערבאטען דעם מאן ניט צו גט'ען דאס ווייב, ווען עס ווילט זיך איהם, נאר סיידען אז ער געפינט, אז זי האט געטהון א שענדליכע מעשה. אויך הייסט די תורה דעם מאן, אז ער מוז נאר געבען זיין ווייב א געשריבענעם גט, אונ ניט מיט ווערטער אליין ארויסיאגען זי. אונ דערצו אסר'ט די תורה דעם מאן צוריקנעהמען דאס געג'גט'ע ווייב, אויב זי האט גענומען א צווייטען מאן אונ יענער האט זי אויך געג'גט אדער ער איז געשטארבען. איצט ווערד די לאגע פון דער פרוי פיעל פעסטער אין דער משפחה, אונ די צניעות ווערד ביי יודען פיעל העבער.

נאר נאך דיעזע אלע פערבעסערונגען איז פונדעסטוועגען די לאגע פון דער יודישער פרוי נאך אלץ ניט געוועזן גאר גוט: דער מאן האט געמעגט נעהמען וויפיעל ווייבער ער וויל, ניט פרעגענדיג קיין דעה ביי די ערשטע ווייבער. אויסער אמת'ע פרויען האט דער מאן געמעגט נעהמען אויך קעבס-ווייבער, וועלכע זענען געווען זיין ווייבס דינסטען. די קעבס-ווייבער האט ער געקענט ארויסיאגען אהן א גט אונ ווען ער האט געוואלט. די קינדער, וועלכע די קעבס-ווייבער האבען איהם געהאט, האבען קיין ירושה ניט געקענט בעקומען פון זייער פאטער. א פרוי האט ניט געקענט פאדערען פון איהר מאן, אז ער זאל זי גט'ען, חאטש זי האט איהם פיינד געהאט.

אין אזא לאגע איז געווען די יודישע פרוי כל זמן די יודען זענען געווען אין ארץ ישראל, ביז דער ערשטער בית המקדש איז חרוב געווארען. אין דיעזער לאנגער צייט, לערך קרוב צו טויזענד יאהר, זענען די יודען געשטאנען אויף א נידעריגער מדרגה פון קולטור. לכן בעדארף מען פערשטעהן, אז די לאגע פון דער פרוי איז ביי זיי ניט געווען בעסער, איידער ביי זייערע שכנים: עמון, מואב, אדום, מצרים, אשור אונ בבל.

(פארטזעצונג קומט).

שלמה בערמאן.

---

# די פרויען-וועלט.

## I.

## אלגעמיינע נייעס.

(א גזרה געגען שלעפעס). נישט לאנג האט מען פארגעטראגען אין איין אדעסער געזונדהייטס-קאמיס'אן א פראיעקט, אז מען זאל פערביטען פרויען צו טראגען שלעפעס, ווייל זיי מאכען דערמיט א שרעקליכען שטויב אין די גאסען. דארויף בעמערקט דאס רוסישע בלאט "Русскій Врачъ", אז ווי לאנג די פרויען אליין וועלען נישט איינזעהן ווי שעדליך אונ נאריש די דאזיגע שלעפעס זענען, וועט קיין אסור דערצו נישט העלפען. די מלחמה מיט די איינגעגעסענע מאדע

---

— ער בעדארף דען האבען א טשעמאדאן? וואס טויג איהם טשעמאדאנעם? אבי מיר זאלען וויסען, אז ער פאהרט קיין אדעס!...

דוד, וואס ער האט טאקי נישט בעדארף האבען גאר נישט, איז מיט בזיון אוועק א היים מיט א נייעם פערדרוס אויף דעם דאזיגען מיידיל, וואס האט איהם דערקוטשעט פון קינדווייז אויף — ער ווייסט נישט פאר וואס?...

ער האט דאס אבער גיך פערגעסען, ווארום ס'איז איהם פארגעשטאנען זעהר א סך — א סך נייעס. נעהמט די נסיעה אליין. א קלייניגקייט דאס ערשטע מאל פאר א מאזעפעווקער יונגעל פאהרען מיט'ן אייזענבאהן, אז ער ווייסט נאך גאר נישט מיט וואס מע עסט דאס, וואס בעדייט דאס א זעלכס "אייזענבאהן"? — אפגעפאהרען מיט רעדער היבשע עטליכע ווערסט, געקומען צו דער סטאנציע אונ דערזעהען פאר זיך א מאדנע שמאלע וועג פון צוויי לאנגע שנירליך רעלסען ציהען זיך אהן איין עק, געהען זיך צענויף דארטען ערגיץ ווייט ווייט אונ ווערען פערפאלען, האט דוד דערפיהלט אז ס'איז איהם אויסגעוואקסען פליגעל אונ ער האט זיך געלאזט געהן וואוהין די אויגען טראגען איהם. א ביסעל פערטראכט אונ געקוקט א הין וואו די צוויי לאנגע שנירליך ציהען זיך אהן איין עק, געהען זיך צונויף דארטען ערגיץ ווייט ווייט אונ ווערען פערפאלען...

זומער לעבען. דער הימעל איז בלוי אונ לויטער. ס'איז נאך פריה. די זון איז נאר וואס ארויס אויף איהר גרויסען טאג-שפאציר. די לופט איז ווארעם אונ גרינג אונ קליינע פליגעליך שוועבען אויף אונ אפ, א הין אונ א הער, טיקען זיך אונ באדען זיך אין די גילדענע שטראהלען פון דער זון; אלערליי פערחליך ווייסע אונ געלע אונ גרינע פלאטערען, מאכען מיט די פליגעליך, טראגען זיך אין דעם גרויסען לופטיגען ים אונ ווערען פערשווינדען. פון ביידע זייטען רעלסען ציהען זיך מורא'דיג ברייטע פעלדער בעדעקט מיט א גרינע זיידענע קאלדרע מיט ווייסע אונ געלע שפרייגקעליך, פון אלערליי קוויטליך, וואס כמעט אויף איטליכס קוויטעלי שטעהט איין אנדער מין פליגעלי, זויגט אונ ציהט זיך זיין בעדערפעניש, פערטיעפט אין מחשבות, ווי א קליין קינד ביי דער מוטערס ברוסט... אויך אויף דער ערד קריכען אונ פויזשען, שנארען, לויפען אונ שפרינגען ארום אלערליי מינים זשוקלעך, פליגלעך, היישעריקען, אונ מערעשקעס מיינסטענס פערטראגען, פערטארעראמט, אפטמאל מיט א שווערע ארבייט וואס איבערן כח, אונ הערען דעם מענשען מיט זיינע מורא'דיגע גרויסע פיס פאר דריי פיטאקעס... דאס זשומען פון די פליגלעך, מיט'ן שמיצערען פון די היישעריקען גיסען זיך צונויף אינאיינעם מיט'ן פישטשען פון די פייגעלעך, וואס צעלאזען די פליגעלעך, הויבען זיך אויף אלע מאל אונ לאזען זיך אראפ צוריק אויף דער ערד, שארפען די פיסקליך, זוכען עפיס נעמען אין מויל אריין,

איז א סך שווערער ווי מיט עפעס אנדערש. אנהויבען די מלחמה דארף מען אין די גימנאזיומס פאר פרויען ביי היגיענישע לעקציעס.

(פרויען דאקטוירים אין אמעריקא). פון די אכט פרויען, וועלכע האבען אין אמעריקא געענדיגט די מעדעצין, האבען 5 פון זיי תיכף בעקומען שטעלען אלס דאקטאר-געהילפען אין פערשיעדענע אמעריקאנישע שפיטאלען פאר פרויען און קינדער.

(אינדיאנישע פרויען אין מעדיצינישען פאקולטעט). צוויי אינדיאנישע פרויען זענען אנגעקומען מיט אייניגע יאהר צוריק אין דער מעדעצינישער פאקולטעט אין באמביי. איינע פון זיי האט נישט לאנג געענדיגט דאס שטודיום און האט אויסגעהאלטען דעם עקזאמען מיט א גאלדענעם און א זילבערנעם מעדאל. די דאזיגע פרוי געפינט זיך אצונד אין אירלאנד, וואו זי לערנט די בעהאנדלונג פון פרויען-און קינדער-קראנקהייטען; אז זי וועט צוריק קומען אין אינדיען, וועט זי איבערנעהמען די השגחה אויף א גרויסען פרויען-שפיטאל. די צווייטע פרוי האלט נאך אין שטודירען.

II.

# יודישע נייעס.

(שרה בערנאר אלס א סימן פון שלום). אין איינעם פון אונזערע נומערן „פרויענוועלט“ האבען מיר געבראכט די ידיעה, אז די וועלט-בעריהמטע יודישע שוישפיעלערין, שרה בערנאר, האט צוגעזאגט צו קומען אין בערלין, צו שפיעלען אין דעם דארטיגען טהעאטער. די פראנצויזישע בלעטער מאכען פון די דאזיגע ידיעה א גאנצען פירוש און געבען איהר נאר א פאליטישען כאראקטער. זיי האלטען די רייזע פון שרה בערנאר אלס א סימן, אז די שנאה צווישען פראנקרייך און דייטשלאנד הערט אין גאנצען אויף. מיט א פאר יאהר צוריק, בשעת מען האט שרה בערנאר איינגעלאדען צו קומען שפיעלען אין בערלין האט זי אבגעענטפערט: פריהער גיט אונז אב עלזאס און לאטהרינגען (צוויי מדינות וועלכע פרייסען האט אין דער מלחמה פון יאהר 1870 צוגענומען פון פראנקרייך) דערנאך וועל איך קומען צופאהרען ביי אייך. היינט, אז שרה בערנאר פאהרט דאך אין דייטשלאנד איז דאס דער בעסטער סימן, אז אין פראנקרייך האט מען זיך שוין מיאש געוועזן פון עלזאס און לאטהרינגען, אז מען וויל שוין לעבען מיט פרייסען בשלום.

# ירושה און ערציעהונג.

אין די לעצטע צייט האבען א סך געלעהרנטע געוואלט דערוויזען דורך פערשיעדענע חקירות און סטאטיסטיק, אז דאס רוב פערברעכער, וואס בעגעהען רציחות אדער אזוי אכזרישע מעשים, בעקומען דעם חשק דערצו בירושה פון זייערע עלטערן, זיידעס אדער אור-עלטערן. אזוינע סארטען פערברעכער קען נישט העלפען קיין אסטראג, אפילו קיין „קאטערזשנע“; דאס זענען א מין קראנקע, רחמנא ליצלן, און זיי דארף מען נישט אין איין אסטראג נאר אין א „דול-הויז“ האלטען.

ווי ווייט די דאזיגע מיינונג איז ריכטיג, איז נישט דא דער ארט דערפון צו רעדען. ריכטיג איז אבער דער געדאנק, אז קינדער בעקומען בירושה פון עלטערן א סך מעלות אדער חסרונות פון זייער כאראקטער.

עס איז ידוע, אז אין דעם מענשענס הארץ ליעגען בעהאלטען פערגראבען פערשיעדענע געפיהלען, מדות און תאוות, וועלכע ער בעקומט בירושה פון זיינע עלטערן און אור-עלטערן און וועלכע ער גיט ווידער איבער בירושה זיינע קינדער, איינינקלעך און אור-איינינקלעך. די געפיהלען קענען זיין גוטע אדער שלעכטע; צעהנדליגער יאהרען קענען אזוינע אנגעבארענע געפיהלען, ווי מען רופט זיי, ליגען ביי א מענשען און קיינער ווייסט נישט דערפון, אפילו דער בעל-הבית גופא פון דיזע געפיהלען ווייסט פון זיי נישט, ביז עס מאכט זיך א צופאל, א געלעגענהייט, ווען דאס דאזיגע געפיהל ווערד מיט א מאל נתגלה. נעהמען מיר, למשל, דאס געפיהל פון קנאת-אהבה (אייפערזוכט), וואס א פערליעבטער פיהלט, ווען ער בעמערקט, אז זיין געליעבטע איז פריינדליך צו איין אנדער מאנסביל. ווי לאנג

---

וואס גאט גיט: א קערענדיל, א קווייטעלי, א פליגעלי, א זשוקעל, א ווערעמיל...

אונזער יונגער פארשוין, וואס איז אויסגעוואכסען אין דער גרויסער מאזעפעוקער בלאטע, ווייט פון דער שעגער נאטור, ווייט פון דער ריינער פרייער לופט, שפאציערט איצט פערטראכט אויפ'ן שמאלען וועג ווייטער און ווייטער און די צוויי לאנגע שנירלעך, די רעלסען, לאזען זיך נית אויס, זיי ציהען זיך אהן איין עק, זיי געהען זיך צונויף דארטען ערגיץ ווייט-ווייט און ווערען פערפאלען... גאט ווייסט וואוהין די פיס וואלטען פערטראגען אונזער דוד'ן, ווען דער וועכטער (בודאטשניק) זאל איהם נית געוועזן דערזעהען און איהם א פרעג טהון, וואוהין ער געהט. אונזער יונגער רייזענדער האט גענומען די פיס אויף די פלייצים און איז אוועק צוריק אויף דער סטאנציע.

— וואו ביזט דו פערפאלען געווארען? — האט איהם דער פאטער א פרעג געטהון — וואו ביזט דו געוועזן?

— אויפ'ן „אייזענבאהן“ — האט איהם דוד געענטפערט גאנץ ערענסט, נישט געמיינט דערביי קיין שום חכמות, און דער גאנצער עולם, יודען און ווייבער, וואס זענען געוועזן דערביי אויפ'ן וואגזאל האבען אויסגעשאסען א געלעכטער. דוד האט נית פערשטאנען, וואס איז דא פאראן וואס צו לאכען און איז פערשעמט געווארען.

— ביזט ווערט פעטש פאר אזא ענטפער — זאגט צו איהם דער פאטער — ביזט נאך גאר א קעלביל...

דוד האט נישט געקאנט פערשטעהן בשום אופן, פאר וואס איז ער א קעלביל. פאר בזיון האבען זיך איהם אזש געשטעלט טרערען אין די אויגען. א גליק וואס איז געווארען מיט א מאל א קלינגעריי מיט א פייפעריי, מיט א לויפעריי, מיט א טומעל, א גערודער; אלע האבען זיך א ווארף געטהון צו די פעקליך און מע האט זיך א לאז געטהון צו דער טיר; ס'איז געווארען א שטופעניש, א שפארעניש, א קוועטשעניש, מיט סכנות נפשות.

— קום! — זאגט צו איהם דער פאטער, נעהמט איהם פאר א האנד און שטופט זיך מיט איהם דורך דער טיר און דוד דערזעהט א גרויסען א מורא'דיגען, א הויכען וואגען מיט א שווארצען קוימען, פון וועלכען סע זעצט א רויך, און צו דעם וואגען געהען צוגעטשעפעט א גאנצע שורה וואגענס פון אלערליי פארבען, גרינע געלע, און בלויע, און מענשען לויפען אויף און אפ ווי די משוגעים. דארט שרייט א יודינע: שרה, גיכער, גיכער!“... „פאוואלי די וועשטשעם!“ שרייט נאך איינער. דא פליהט איינער אהן א היטעל מיט א מאדנע האלב פערשלאפען פנים מיט א גרויסען בלעכענעם טשייניק אין האנד; און דארט שטעהט א יוד ביי א גרויסער פאס, וואשט זיך די שפיץ פינגער און בענעצט די אויגען מיט די פאות, ווישט זיך מיט דער פאלע

דער מענש האט נאך נישט געליעבט, אדער אז ער ליעבט שוין און זיין געליעבטע איז איהם באמת טריי און ווייזט צו קיין אנדערען נישט קיין פריינדשאפט, ווייסט ער גאר נישט אויב ער האט אין זיך דאס געפיהל פון אייפערזוכט. געוואהנליך אבער ווייזט זיך שוין ביי א מענשען פון קינדוויז אן א נייגונג צום גוטען אדער שלעכטען.

מען זעהט ביי טהייל קינדער באלד ארויס זייער חאראקטער, וואס איז גלייך צום חאראקטער פון זייערע עלטערן אדער פון קרובים אין דער משפחה. עס קומען טהייל מאל פאר אזוינע קינדער, וואס מען בעמערקט ביי זיי דעם חשק צו גנב'נען, און דער דאזיגער חשק ווערד שפעטער אין די דערוואקסענע יאהרען צו א פערברעכען. די וואס געדענקען אזא קינד פון די קינדער־יאהרען זאגען טאקע דערנסט־מאל: „ווער האט עס נישט געוואוסט, יענער איז שוין געווען א ווייסעל פון איין אויג אין די מאמעס בויך, א שנעק פון דריי יאהר אז ער איז געוועזען, האט ער שוין געחאפט בייגעל פון די מולטערס, דאס איז א געבוירענער גנב!"

עס טרעפט זעהר אפט, אז אזא פערברעכער שטאמט ארויס פון זעהר ארענטליכע עלטערן, זיינע ברידער און שוועסטער זענען אמת'ע עהרליכע לייט, יענעמס א גראשען איז ביי זיי טרפה. דער פערברעכער האט דאכט זיך געהאט די אייגענע ערציהונג וואס די איבריגע קינדער אין די זעלבע חדרים און ישיבות אדער שולען און גימנאזיעס און פון דעסטוועגען איז נאר ער געווארען א שרעקליכער פערברעכער. דאס איז א ראיה צו די מיינונג פון די געלעהרנטע, אז די תאוה צו פערברעכען קומט אפט בירושה. איי די עלטערן זיינע זענען דאך גאר פיינע לייט? אבער מן הסתם געפינט זיך א פסול אין דער משפחה פון איין עלטער עלטער זיידען און די ירושה איז צו דעם אור־אור־אייניקעל אריבער, איבערהיפענדיג כמה דורות.

פון דעסטוועגען, ווי שטארק עס זאל נישט זיין די ווירקונג פון ירושה, וואס דער מענש ירש'נט פון זיינע עלטערענס אדער אור־עלטערנס חאראקטער — קען דאך די ערציהונג אויך א גרויסע השפעה האבען אויף דעם מענשליכען חאראקטער. ווייל דורך די ערציהונג קענען מיר פאר שטארקען אדער אבשוואכען די מעלות און חסרונות, וואס דער מענש ירש'נט פון פריהעריגע דורות.

ווען די עלטערן, די לעהרער אדער ווער עס גיט זיך נאר אב מיט לערנען און ערציעהען קינדער, וואלטען וויסען די גרויסע אחריות, וואס זיי נעהמען אויף זיך בשעת זיי ערציהען קינדער, אז זיי אין די הענד טרויט מען אן אזא הייליגע זאך, ווי מאכען פון קינדער מענשען צו גאט און צו לייטען און אז דורך שלעכטע ער־ציהונג קען מען פון דעם בעסטען ניצליכסטען מענשען אין דער וועלט מאכען א פערברעכער, — ווען זיי וואלטען דאס וויסען, וואלט נישט ווערען אבי ווער א רבי, א מלמד, א לעהרער און גובערנער.

די געלעהרנטע בעהויפטען — און זיי האבען אויך רעכט —, אז א גרויסער פראצענט פון די פערברעכער האבען בעקומען די תאוה צו בעגעהן שווערע עבירות בירושה פון זייערע עלטערן און אור־עלטערן. מיר בעהויפטען, אז פונקט דער אייגענער פראצענט פער־ברעכער קומען ארויס דורך שלעכטע ערציהונג. טהייל־מאל ווייל מען גיט אויף קינדער גאר קיין השגחה נישט, טהייל מאל ווייל מען גיט אויף זיי צופיעל השגחה און מען איז געגען זיי צו שטרענג. אפט־מאל אויך דערפאר, ווייל מען ווייזט צו זיי נישט קיין ליעבע, אדער פארקעהרט, ווייל מען ווייזט צו זיי צופיעל ליעבע. הכלל, דורך שלעכטע ערציהונג מאכט מען מיט אייגענע הענד פון א קינד א פערברעכער. מיר ברענגען אייניגע בייספיעלע:

א יונג פאר־פאלק האבען צוויי קינדער, איינער פון 7 יאהר, דאס צווייטע פון 9. דער עלטערער האט א סך גוטע מעלות: ער איז קלוג, פרעהליך און פלינק, א ריהר, א קעהר, ווען ער האט נאר חשק. ער האט אבער אויך חסרונות: ער איז לויט זיינע יאהרען צופיעל בעל־גאוה, האלט צופיעל פון זיך, רחמנות האבען מיט דעם צווייטען, ווייסט ער גאר נישט, וואס דאס איז, און הויבט נישט אן

---

און שעפטשעט עפים; דא שטעהט איין ארבייטער, שיילט א פישיל און קייעט בשעת מעשה א בולקע גאנץ געשמאק מיט אפעטיט, און דארט שטעהען צוויי יודען מיט זאנטיקעס, ביידע מאכען מיט די הענד און ביידע שרייען הויך: „א וואגאן, געגריזעט, אנגעגריזעט, קוויטאנציע, וואגאן"... דא שטעהט א גראבע פריצה מיט א רויט פנים און מיט א רייזענטאש איבער דער פלייצע, און דארטען דרעהט זיך ארום הין און צוריק איינער מיט קעסטעלדיגע הויזען מיט א מאדנע יארמעלקעלי אויפ'ן קאפ און מיט געלע גלאנצענדיגע שיך. אויך פון די פענסטער קוקען ארויס משונה מאדנע פנימער פון אלערליי פאר־שוינען, פנימער געגאלטע און פנימער מיט בערד, פנימער פון זכרים און פנימער פון נקבות און פנימלעך פון קינדער, קינדער וואס לאכען און קינדער וואס וויינען. אלטע נאנקעס מיט ווייסע שלייערס האלטען די וויינענדיגע קינדער אויף די הענד, קלאפען צו זיי מיט די אלטע אויסגעבויגענע פינגער אין פענסטער, זינגען און ברומקען: „טפרו־טו־טו! טפרו־טו־טו!" און די קינדער הערען זיי ווי דעם פאראיאהריגען שניי, האלטען אפען די מיילער, די צינגלעך ארויסגעשטעלט, די קעפ־לעך פערווארפען און שרייען אין איין קול: „מא! — מא!"... דוד איז פערכשופט פונ'ם טומעל מיט די געשרייען מיט'ן געפולדער, וואס דא איז. אין א פאר וואגאנעס זעהט ער זענען גאר קיין פענסטער נישטא, נאר אייזערנע גראטעס און פון די גראטעס קוקען ארויס אויגען א סאך מיט נעזער מיט מארדעס פון מאדנע נפשות, וואס זענען אנ־געטהון אלע אין גרויע געווענטענע סוויטקעס מיט גרויע געווענטענע היטעלעך אויף די אויסגעגאלטע קעפ. דוד זעהט אז די דאזיגע לייט זיצען דא איינג אנגעפאקט ווי הערינג אין א פאס, פערשפארט ווי עופות אין א שטייג, נאר ער פערשטעהט נישט וואס דאס בעדייט; ער פיהלט, אז דאס בעדארפען זיין געבאך אומגליקליכע און עס ציהט איהם דאס הארץ צו זיי, אליין נישט צו וויסען פאר וואס... ער פעררייסט דעם קאפ ארויף און קוקט און קוקט אין די גראטעס אריין און דערזעהט... א גרויסע א מורא'דיגע פייג איהם גלייך אין נאז אריין. די גאנצע חברה שיסען אויס א געלעכטער. ער דערהערט פאסקודנע ווערטער און ער ווערד מבויש פאר זיך אליין דערפאר וואס ער האט נאר וואס אויף זיי רחמנות געהאט, און דערצו האפט ער א רעכטען סטוסאק פון אונטען, וואס איינער דערלאנגט איהם מיט א פולען אנגעשטופ־טען זאק.

— וואוהין קריכסט דו? — זאגט צו איהם דער פאטער, טהוט איהם א ציה ביי דער האנד און שלעפט איהם אריין אין וואגאן צווייטע קלאס.

(פארטזעטצונג קומט).

פאלגען די עלטערן פון דאנען ביז א הין, מען פרובט איהם בעוויי־זען זיינע חסרונות, שטראפען; אבער עס העלפט נישט, דאס קינד איז א צו'להכעיס'ניק און טהוט פונקט פערקעהרט ווי מען הייסט. דער יונגערער איז אפילו נישט אזוי קלוג, נישט אזוי געשיקט אין זיינע קערפערליכע תנועות, דערפאר אבער ווייכהערציג, גוט און פיין. די מאמע איז ביי איהם די אויג אין קאפ אבער אויך דאס אייגענע: פאלגען נישט א טריט. וואס איז די סבה דערפון? די סבה איז, וואס ביידע עלטערן האלטען זיך נישט תמיד אין די אייגענע שיטה ביי דער ערציעהונג פון זייערע קינדער. דער פאטער איז געגען ביידע קינדער שטרענג, ער וויל, אז די קינדער זאלען איהם פאלגען באלד, ווי ער רעדט נאר אויס דעם ווארט, אז נישט זשאלעוועט ער קיין קלאפ נישט, און דערביי האט ער קיין בעשטענדיגע שיטה נישט, ער בעשטראפט א מאל פאר די קלענסטע זאך אהן רחמנות און א מאל לאזט ער פארביי א שווערע עבירה גאר אומבעשטראפט. איז ער עפעס פערדאגה'ט, למשל, ווען מען האט היינט אין קראם נישט געלייזט, אדער, אז מען דארף ארויסנעהמען סחורה פון באהן און עס איז נישטא מיט וואס, דענסטמאל איז שוין אך און וועה צו די קינדער: פאר איין איבריגען לאך, פאר א הויך קול וועט שוין דער טאטע נעהמען דעם קאנטשוק אדער געבען אזוי טרוקענע קלעפ. פארקעהרט ווידער, אז דער טאטע איז גוט געשטימט, ווייל ער האט ארויסגע'פטר'ט א פערלעגענעם ארטיקעל און נאך בעקומען א גוטען מקח, דענסטמאל, אשריכם, קינדער! איהר מעגט שטיפען, לאכען, איבער־קעהרען די שטוב קאפויר — דעם טאטען ארט דאס א האר נישט. אזוי ערציהט די קינדער דער פאטער. די מאמע אבער, וואס וויל נישט, אז אין שטוב זאל זיך רודערין, וואס וויל נישט דער טאטע זאל ווערען אין כעס און וועט דערנאך דעם מיטאג נישט וועלען עסען, דערצעהלט גאר נישט דעם טאטען, וואס די קינדער טהון, אז ער איז נישטא, זיי מעגען טהון וואס זיי ווילען און מחמת דעם פערלירען די קינדער די בושה פאר איהר. ביידע עלטערן דוכט זיך פון דעסטוועגען, אז זיי טהוען זייער זאך בשלמות, זיי ערציעהען זייערע קינדער אויף דעם בעסטען אופן. און נאך איינס: דערפאר, וואס זיי בעגעהען זיך בכלל מיט ביידע קינדער גלייך, חאטש די קינדער האבען פערשיעדענע נאטורען, קומט ארויס, אז אויף יעדעס קינד ווירקט עס אנדערש און אויף דאס עלטערע קינד, וועלכער איז ביי זיך שטאלצער געוועז, האט דאס נאך שלעכטער געווירקט, ביז סוף כל סוף זענען זיי זיך מיאש פון דעם עלטערן קינד און זאגען, אז מיט איהם איז שויז גאר נישט צו מאכען, ער האט שוין אזא פערשאלטענע טבע.

וואלטען זיי אבער זיך גוט בעקלערען, דענסטמאל וואלטען זיי זעהען, אז דער עלטערער, ווייל ער איז בטבע קלוגער און פער־שטענדיגער פאר דעם יונגערן, פערשטעהט גאנץ גוט, אז מען בע־שטראפט איהם א מאל פאר גאר א קליינע עבירה מעהר ווי פאר א גרויסע עבירה, ער פיהלט גאנץ גוט, אז זיי טהוען איהם עולות און ער פערליערט מחמת דעם די גאנצע בושה, דעם גאנצען דרך ארץ פאר די עלטערן. ער פאלגט זיי, נישט מחמת דעם, ווייל ער האלט, אז זיי האבען רעכט, נאר ווייל ער האט פשוט מורא פאר קלעפ, ער טהוט נישט זייער רצון פרייוויליג נאר בעל כרחו, און אז די עלטערן וואלטען פערשטעהן זייער קינד, וואלטען זיי זיך גאר אנדערש גע־פיהרט. עס קען זעהר זיין, אז די אלע חסרונות, ווי גאוה, האלטבלי־טיגקייט, עקשנות וכדומה, וואלטען ביי א בעסערע ערציעהונג געווא־רען, מיט דער צייט, מעלות, וואס וואלטען דאס קינד גליקליך גע־מאכט. גאוה, אז מען פערהיידעלט זי ווערד זי צום געפיהל פון זעלבסט־אכטונג און לאזט דעם מענשען ניט ארונטערפאלען פאר יעדען אנדערען, וואס דאס איז זעהר וויכטיג אין לעבען. קאלטבלוטיגקייט מאכט דעם מענשען שטארק און רוהיג אין שלעכטע צייטען, אפילו עקשנות בילדעט זיך אויך אויס אין א שטארקען ווילען און אזוי ווייטער.

איין אנדער ביישפיעל:

א שען מיידעל פון פינף יאהר איז איין איינציג קינד ביי א מוטער, א רייכע אלמנה. די מוטער ליעבט דאס קינד ווי דאס לעבען. איהר גאנצע טרייסט איז דאס קינד, וואס נאר דאס קינד פערגלוסט זיך מוז באלד בעשאפען ווערען, מעג עס זיין ממש דאס טעלעריל פון הימעל. די מוטער פערגעסט אבער איינצופלאנצען ביי דעם קינד אין דער יוגענד אזוינע גוטע מדות, וואס וועלען איהר שטארק צו נוץ קומען, אז זי וועט עלטער ווערען און קומען צווישען מענ־שען. דאס קינד ווערד פערצויגען, עקשנות'דיג, ווערד א נאשערקע, שטארק איינגעבילדעט און האלט פון זיך מי יודע וואס, זי האלט א דיענסט אדער די וואס געהן פראסט אנגעטהון מיט בלאטע גלייך. קורץ זי בעקומט אזוינע מדות רעות, וואס פרעמדע פעראכטען איהר פשוט דערפאר און אנטלויפען פון איהר, קיין רעכט קינד וויל זיך מיט איהר ניט חבר'ן. די נארישע מוטער פיהלט דאס אבער נישט, און טאמער קומט א מאל א קרובה אדער אזוי א בעקאנטע זיך בע־קלאגען אויף דעם קינד, פארטיגט זי זיי באלד אב מיט דעם תירוץ: „וואס פערלאנגט מען פון איהר? זי איז דאך נאך א יונג קינד! אז זי וועט עלטער ווערען וועט זי בעסער ווערען"!

די נארישע מוטער האט א טעות! זי וועט נישט בעסער ווע־רען, אדרבא, זי ווערד פון טאג צו טאג ערגער און איהר קינד וועט איבער איהרע נארישקייט בלייבען איין אומגליקליכער מענש אויף איהר גאנץ לעבען.

מיר זעהען אלזא, אז צופיעל ליעבע ווייזען א קינד, צופיעל נאכגעבען, טויג אויך נישט, אזוי ווי עס טויג נישט זיין צו שטרענג און בעשטראפען פאר יעדע קלייניגקייט. אזוי ווי דער גוטער גערט־נער רייסט בעצייטענס ארויס פון זיין בלומען־ אדער קרויט־גארטען יעדעס גראז, וואס קען שאדען די בלום אדער דעם ירק, אזוי דארף יעדער פאטער און מוטער זעהן בעצייטענס ארויס צו רייסען פון קינד יעדע שלעכטע נייגונג, וואס בעווייזט זיך אין איהם. דענסטמאל, וועלען די עלטערן נישט דארפען זיך בעקלאגען אויף זיך אליין, וואס זיי האבען בידים אויסגעהאדעוועט א שלעכט קינד.

הירש גארדאן.

# א גוט הארץ.

(א בילד).

(פארטזעטצונג).

זי איז א היים געלאפען און אוועקגעשטעלט דעם לאמטערן מיט דעם שטעקען און איילענדיג אוועק אין מארק.

— האט קיין פעריבעל ניט — זאגט זי אין אקראם אריין קו-מענדיג — וואס איך בין היינט אזוי פריה נאך א נדבה געקומען: עס איז א גרויסע נויט — אזויג-קינד ביי א פרעמדע מוטער האב איך, מע דארף א סוכארעק, צוקער א שטיקיל... זאל זיין אייער "התחלה" היינט אויף א מצוה, און דער לעבעדיגער וועט אייך אומקעהרען כפל כפלים. זי געהט ארום דעם מארק פון קראם צו קראם, ביז זי בעקומט, וויפיעל זי ברויכט.

באלד קומט זי אריין צו שכנא'ס ווייב מיט צוויי פאפיערענע זעקליך אין די הענד, א שווערע לופט פון דעם פייכטען צימעריל טהוט איהר א זעץ אין נאז אריין, א נאסע קעלט פונ'ם פענסטעריל, וואס איז דיק מיט שנעע בעדעקט פון איגעוועניג נעהמט איהר דורך. אגעשריי הערט זיך פון וויעגעל, וואס איז מיט שטריק איבער געבונדען, ביי די ווענטלעך און פיסלעך, פון בעט הערט זיך א יאמער, און א פאטשעריי פון קינדערשע פיסלעך איבער די קישענס.

— גוטען מארגען! — זאגט חיה-ברײנע — אט האב איך סוחארקעס און צוקער געבראכט.

שכנא'ס ווייב, אהויכע דארע יודענע מיט א בלאסען אויסגע-צויגען פנים טרייסט די שרייענדע קינדער: "נו-נו, אט באלד..."

דערנאך קעהרט זי זיך אום צו חיה-ברײנען און ענטפערט איהר א "גוט יאהר!" און נעהמט פון איהר די ביידע זעקלעך וואס זי האט געבראכט.

זי געהט צום אויבען און גיעסט אריין הייסע וואסער אין א גלאז מיט צוקער, בראקט אריין אין דעם א סוחארעק, און בלאזט מיט די ליפען, עס זאל זיך גיכער אויסקיהלען.

חיה-ברײנע האט דאס קינד פון וויעג אויף די הענד גענומען, ארומגעגאנגען איבער'ן צימעריל, געהוידעט און גערעדט מיט איהם אויף א לשון: "טא-טא-טא! מא-מא-מא! טשי-טשא!" דאס אלעס האט געזאלט בעדייטען, אז אט באלד גיט מען דעם טייער קינד צו עסען, נאר דאס קינד האט נאך ניט פערשטאנען דעם לשון און עס האט געשריען. שכנא'ס ווייבעל איז צוגעגאנגען שוין מיט דעם אויסגעקיהלטען "מאכל" און געוואלט געבען דעם קינד.

— געה, געה צו דיינעם — האט איהר חיה-ברײנע אבגעשטוי-סען, וויגקענדיג מיט די אויגען אויפ'ן בעט: דעם וועל איך שוין געבען עסען.

זי האט דאס קינד צוריק אין וויעג געלעגט, און די גלאז אין איהר האנד גענומען.

— נעהם א סוחארעק פון די, און גיב דיינעם אויך: ניש-קשה!... פסק'נט חיה ברײנע.

— דער פאטער איז דא נעכטין געוועזען — זאגט זי צו חיה-ברײנען און ווינקט אויפ'ן קינד אין וויעג —, ווי א קליין קינד האט ער געוויינט: זי איז קראנק, און ער האט קיין ארבייט ניט.

— חיה-ברײנע זיפצט אויס שטארק: "אויב איך וועל צייט האבען, וועל איך היינט אין שפיטאל אריין לויפען, געוואהר-ווערען וואס זי מאכט, און אבגעבען איהר א גרוס פון דעם קינד".

באלד בייגט זי זיך אן איבער'ן וויעג, און קושט אן דעם קינד אויפ'ן שטערענדיל, א לאנגער און א הילכענדיגער קוש, ווי זי וויל איהם מיט דעם מהנה זיין פאר אלע צרות.

דאס קינד האט די אויגליך צו געשלאסען, זי האט איהם צוגעדעקט, נאך אמאל געקושט, אשאקעל געגעבען די וויעג און ארויס געלאזט א קול, ווי צו זינגען.

— זייט מוחל — האט זיך שנעל אויפגעכאפט דאס ווייבעל פון בעט: אט איך געה, איך וועל מיינעם אוועק לעגען, איצט וועט ער שוין שווייגען...

— זיץ, זיץ! — האט אידר חיה-ברײנע כמעט אנגעשריגען: חאפ זיך ניט אזוי: עס וועט דיר נאך דער טאג גענוג זיין... האלט זיך מיט דיינעם...

"שלאף מיין זוהן, זהו-געלע,

מיט דיין זכות זאל דיין מא-מע געזונד ווערען"...

— "ווי א לייבליכע מוטער בעגעהט זי זיך" — טראכט דאס ווייבעל וועגען חיה-ברײנען, צוקוקענדיג זיך און הערענדיג.

— נא דיר 20 קאפיקעס — דו דארפסט דאך אויף רער הוצאה — בין איך דיר שוין מעהר ניט שולדיג צו היינטיגער וואך... נא דיר נאך 0 קאפיקעס אויף מילך: דו האסט דאך ניט מיט וואס צו זויגען... דו קאנסט דיינעם אויך געבען פון די מילך: ניט קשה!... זייט געזונד! איך האב קיין צייט ניט... איך האב, איך האב נאך גענוג ארבייט..

חיה-ברײנע לויפט ארויס פון שטוב.

אין איין אטהעם לויפט זי דורך די גאס, דער שנעע שיט און שיט, און, דאכט זיך, ער יאגט זי ניט אן... זי קומט אריין אהיים, זי בייסט עפים איבער, זי מאכט עס זעהר שפארעוודיג: מיט א גלאז הייסע וואסער, אהן טהע און צוקער — עסט זי איהר ברויט.

דאמאלס בעזוכט זי אויף דער גיך אבעקאנטע פריצעלע, וואס זי האט ביי איהר אויף היינט בעשטעלט אלט-ווארג צו קויפען. שנעל מאכט זי איהר מסחר דארטען.

— פאניקע! פאניקע! — שרייט זי, — כ'האב קיין צייט ניט... איין עברה מיך אבצוהאלטען דא... איך האב וואס צו טהון...

ארויסגעהענדיג מיט דער סחורה, שטעלט זי זיך אב אין מיטען גאס און קלערט וואו זי זאל די סחורה אריין טראגען, און לאזען ליעגען. זי דערמאנט זיך, אז ביי שלמה'ן אין קראם ליעגען איהרע א פאר קליידלעך מיט העמדלעך שוין צוויי וואכען, זי האט עס אויך א ווילע נאר איבערגעלאזט; ביי זלמן בערצים ליעגען שיך מיט קאלאשען. זי פערשעמט זיך א ווילע אין דער מחשבה, וואס זי בעגעהט איהר האנדעל אזוי מאוס... זי בעשליעסט מארגען, אם-ירצה השם "מבלי-נדר", אריין געהן נעהמען דאס, און היינט וועט זי איהר סחורה ביי לאה'צען אין מעהל-קראם אוועק לעגען: אז זי מוז דאך געהן וועגען נעכטיגער ווייבעל, בעזארגען...

דא דערזעהט זי שרה־בתיה'ן מיט לאה די אלמנה -- צוויי טענדלערקעס־שותפ'טעס — געהען איהר אנטגעגען מיט פעק אויף די הענד און אקסעל.

— נעהמט צו ביי מיר מיין סחורה — זאגט חיה־ברײנע צו זיי: ארובעל מיט צוואנציג קאפיקעס קאסט עס מיך, — פערקויפט דאס, און גיט מיר האלב פרנסה, אדער . . . צעהן קאפיקעס מעהר. ווי עס קאסט מיך...

— א האלבע פרנסה!? . וואונדערט זיך שרה־בתיה.

— נו, האלט מיך ניט — שרייט היה־ברײנע און ווארפט אן איהר סחורה אויף זייער פאק און לויפט אוועק.

— איין מענש אליין —מאכט שרה־בתיה צו דער שותפ'טע— וואס דארף זי? צעהן קאפיקעס אויפ'ן טאג איז איהר נאך צופיעל...

(ענדע קומט).

ליפמאן לעווין.

---

# קינדערשע צייהנער.

(פארטזעטצונג).

אט דאס זענען די סמנים וואס בעווייזען אויף צייהנדליך: די יאשלע אויף דעם ארט, וואו דאס צייהנדיל ברויכט אויסצושניידען זיך, איז אנגעשוואלען, רויט און הארט. און אין מיילכעל פיהלט מען א שטארקע ווארעמקייט. שפעטער אביסעל ווערד די יאשלע ווייסלעך, דאמאלס טהוט זי זעהר וועה און אז מען ריהרט זי אן הויבט אן דאס קינד צו שרייען. אז מען גיט איהם די ברוסט, נעהמט עס אוועק דאס קעפעלע און רוקט זיך אב, ווייל עס האט מורא פאר'ן וועהטוג, וואס דאס אנריהרען קען איהם ברענגען. דאמאלס רינט ביי איהם אויך פון מיילכיל שטארק; אויך שלעפט עס אין מיילכיל אריין אלץ, וואס עס בעקומט נאר. געוועהנטליך גיט די מוטער דאמאלס דעם קינד א ביינערנעם בויגעל אין מויל, נאר דאס איז אבער צו הארט, און אויב דאס קינד האט שוין א צייהנדיל, קאן עס איהם מיט דעם, חלילה, אברעכען. בעסער איז צו געבען איהם דאמאלס אין מויל צו האלטען, א פיאל־ווארצעל דאס קען מען בעקומען אין יעדער אפאטהעקען־מאגאזין. ביי „שווערע צייהנדלעך“ איז דאס קינד א סך אונרוהיגער: עס וויל ניט ליגען אין וויגעל, עס בעט זיך נאר צו דער מוטער אויף די הענד, עס חאפט זיך זעהר אפט פון שלאף, עסט ווייניגער און האט בכלל קאפריזען. אבער דאס געדויערט נאר איינינע טעג: אויפ'ן 3—4־טען טאג בעווייזט זיך שוין דאס צייהנדיל אין מיילכעל, און דאס קינד — און די מוטער אויך, פערשטעהט זיך, — ווערען רוהיג. די שמערצען, וואס מיט דער צייט קומען זיי און מיט דער צייט געהען זיי אוועק, זענען ניט שרעקליך.

אמאל טרעפט — און צום גליק, זעהר זעלטען, — אז בשעת די צייהנדלעך שניידען זיך אויס, „ווארפען זיך צו“ ביי'ם קינד „זייטיגע“ קראנקהייטען: „אהויסטעלע“, קאנוואולסיאן און מאגען־פעהלערן, עצירות, צי שלשול. אין דעם, קלעהרט מען, זענען שוין געוויס די צייהנדלעך שולדיג, אבער עס איז גאר ניט אזוי. די צייהנער זענען ביי דעם אביי־זאך, אבער ניט די הויפט־סבה. מען ברויכט נאר צו געדענקען, אז בשעת די צייהנדלעך שניידען זיך אויס, איז דאס קינד זעהר שפירענד און איז מעהר פעהיג קראנק צו ווערען. אויך דער מאגען זיינער קען זיך דאמאלס נישט ראנגלען קעגען שעדליכע ווירקונגען. עס פערשאדט איהם דאס אויסגערונענע פון מוילכעל, וואס ער פערשלינגט אמאל, אדער דאס, וואס די מוטער גיט איהם אלע ווייל עסען, ווייל זי וויל איהם מיט דעם שטילען און בערוהיגען. און אזוי איז אויך מיט די אלע „זייטיגע“ קראנקהייטען, וואס „ווארפען זיך צו“ דאמאלס ביים קינד, און שטאמען געוויס פון זייטיגע סבות. עס איז דוקא ניט גוט, וואס מען ווארפט דאס אלץ אן אויף די צייהנדלעך, און מען בערוהיגט זיך מיט דעם. דאס איז אפטמאל אסכנה פאר'ן קינדס געזונד! ... ביי די „זייטיגע“ קראנקהייטען מוז מען זיך ווענדען צו אדאקטאר.

(פארטזעטצונג קומט).

דענטיסטין ג. ציפין־לעווין.

---



Herausgeber Verlag »Volksbildung«. Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau. Druck v. S. L. Deutscher, Podgórze b. Krakau